זישע באגיש



# אין קינדערלאנד

לידער

ב

„קינדערפריינד“,
װארשע

נומער
7
1938

זישע באַגיש

# אין קינדערלאַנד

לידער

אילוסטרירט: ש. ליסאָווסקי






„קינדערפרײַנד”, װארשע 1938

Printed in Poland

Z. BAGISZ

IN KINDELAND

„Kinder-Frajnd" Warszawa 1938

זעצעריי ה. גלאנק, מוראנאָווסקע 28 ה. 25

Druk. „Renoma", Warszawa



וואַקסן קליינע גרעזעלעך —
האָפּ—האָפּ—האָפּ—האָפּ—האָפּ!
בליִען גרויסע גרעזעלעך —
שנײַדט זיי קאָסע אָפּ.

וואַקסן אָן ציינדעלעך,
קליינע קינדער ווייסן —
אַז ס'איז האַרטע בײַנדעלעך
גרינגער אײַנצובײַסן.



# פרילינג

פרילינג, פרילינג, פרילינג איז
פרילינג אויף דער וועלט.
מיט אַ דעק פון גרינעם פליוש
איז באַדעקט דאָס פעלד.

בליען אויף אין גאָרטן בלומען,
פּיירעס אַלערליי.
ווי מיט אַ פּענדזל אויסגעמאָלן
ס'וואָלט אַ מאָלער זיי.

טריפּו איצט מיט גאָלד די וועגן,
ס'שמעקט מיט גרינס די ערד.
פרילינג, פרילינג איז געקומען
אויף אַ גילדן פערד.



# גייט א רעגן

גייט אַ רעגן!
גייט אַ רעגן!
שרייַען קינדער און זיי פרעגן:
– וואָס זשע דאַרף מען אָט דעם רעגן?

דאַרף מען קינדער אַלץ דערציילן,
וואָרעם קינדער דאַרפן וויסן,
אַז עס וואַקסט קיין ברויט און ווייצן,
ווען קיין רעגן זאָל נישט גיסן.

ווייַל ווען רעגן פאַלט אויף פעלדער,
וואַקסט דער קאָרן, וואַקסן ווייצן,



זענען מילן פול מיט ברויטן —
גרייט אַ וועלט מיט זיי פאַרפלייצי.








יאָשע איז אַ קונצנמאַכער,
יאָשע איז אַ יונג אַ כוואַט –
האָקוס־פּאָקוס, שאַכער־מאַכער.

האָקוס־פּאָקוס, איינס און צוויי
וועט ער ווײַזן באַלד אַ קונץ,
קונצן קען ער אַלערליי.

זאָגן זאָגט ער, אַז ער וויל,
קען ער ווײַזן טאַקע באַלד,
ווי אַזוי ער ווערט אַ מיל.

טוט ער אַ צענעם די פּיס,
גיט ער אַ צעפּיר די הענט,
טוט ער פּלוצים זיך אַ ריס –



ווערן טייקעף פליגל צוויי
אָט אַזוי ווי בײַ אַ מיל
און ער דרייט זיך אין געדריי.

דרייט זיך קײַלעכיק און גראָד
אויף די הענט און אויף די פיס—
פונקט אַזוי ווי ס'דרייט אַ ראָד.

ערגעץ טאַקע איז אַ מיל
רונד אַרום און רונד אַרום,
אָט אַזוי ווי יאָשע וויל.

וויל נישט קיינער גלייבן אים
אָט די אַלע פוסטע רייד,
טוט זיך יאָשע אַ באַרים:

אַז ער ווייסט אַ קונץ נאָך אויך,
ווי אַזוי עס גייט אַ באַן
און פון קוימען ס'זעצט אַ רויך.

איז דאָס ווייניק — קען ער רײַטן
גלײַך אַרויף צו דער לעוואָנע
און פון וואָלקן פלעכטן קייטן.



ווײל ער, מאַכט ער אַ לאָמטערן
טאַקע נאָר פֿון הויל פּאַפּיר
און צינדט אָן אים בײַ אַ שטערן.

ווער עס וויל נאָר דאָס נישט גלייבן,
וועט ער טאַקע זעען באַלד,
ווי ס'לאָזט זיך יאָשע כאַפּן טויבן.

האָקוס-פּאָקוס, יאָ צי ניין?
ער באַווײַזן וועט אַ קונץ,
אַז ער טוט אַ וואָרף אַ שטיין,

טרעפט ער פּונקט אַ טויב אין קאָפּ,
פֿאַלט זי טאַקע טייקעף באַלד
גלײַך צו אים אין האַנט אַראָפּ.

יאָגט ער, יאָגט ער נאָך אַ טויב
האָקוס-פּאָקוס, איינס און צוויי —
טרעפט ער מיטן שטיין איר שויב.

האָקוס-פּאָקוס, שאַכער-מאַכער
יאָשע איז אַ יונג אַ כוואַט,
יאָשע איז אַ קונצנמאַכער.



# באלד וועט גיין א רעגן

ס'האָט זיך הײַנט די זון באַהאַלטן,
נישט אַרויס פֿון פֿוטערפֿאַס,
ווײל דער הימל וויינען גאָר
אויף אונדזער כמאַרנער גאַס.

הענגט אַ וואָלקן גלײַך אַרונטער
איבער אונדזער קאָפּ,
טריפֿן טראָפּנדלעך אויף שויבן –
טראָפּ-טראָפּ-טראָפּ.

רײַסט דער ווינט דאָס בלעך פֿון דעכער,
פֿאַרגיסט מיט טרערן אַלע וועגן.



ווײנט ער אויס דער װעלט אַ בסורע:

באַלד װעט גײן אַ רעגן.





# די מײַסע מיטן טײַכל
# וואָס שווימט אויפֿן בײַכל

הערט זשע אויס אַ מײַסע,
אַ מײַסע מיט אַ טײַכל,
וואָס ס'האָט זיך פֿאַרגלוסט איִם
שווימען אויפֿן בײַכל.

ס'איז אַ מײַסע פּאָשעט,
אַ פּאָשעטע און קלאָר.
אַ מײַסע וואָס געדויערט שוין
מער פֿון טויזנט יאָר.

הינטער גרויסע וועלדער
אויף יענער זײַט וועלט
פֿליסט אַ שמאָל טײַכל
צווישן פֿעלדער, וואָס צעשטעלט



ערגעץ אין אַ טאָל,

צווישן הויכע בערג,

דאָרט וווּ ס'וווינט דער אָדלער,

דאָרט וווּ ס'וווינט דער צווערג.

דערציילט דער וואַלד אַ מעשׂה,

אַ מעשׂה מיט אַ טײַכל,

וואָס האָט זיך געלאָזן

שווימען אויפֿן בײַכל.

שווימט עס דאָרט אַזוי-זיך

אַ קײַמעלאָך פֿון טעג

און קען נישט-דערגיין זיך —

איז טאָמיד אינעם וועג.

שווענקט עס אָפּ די ברעגן

אומעטום וווּ ס'פּליסט.



ווער זשע ווייסט איר פרעגן,
צו וואָס און ווען עס פליסט?

מיסטאָם אַזוי באַשערט איז —
שלאָגן ברעג אָן ברעג.
ס'האָט עמעץ שוין פאַרווערט איר
געפינען זיך זײַן וועג.

אַ בעט איר צוגעשניטן
אָט אַזאַ, אַ ווײַסע.
און טאַקע דאָ אין מיטן
ענדיקט זיך די מײַסע...



# ווי צוויי מאל צוויי איז פיר

ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר,
פיר און פיר איז אַכט —
מאַכט זשע צו די טיר
און זאָגט אַ גוטע נאַכט.

אײַלע-לו—לו—לו
זינגט מען קינדער אײַן.
ס'פאַלט די נאַכט שויִ צו,
דאַרף מען שלאָפן גיין.

ס'יאָגט אַ ווינט איז פעלד,
נעמט אַ פאַכעד אָן.
ס'האָט עמעצער פאַרשטעלט
מיט וואָלקנדלעך די זון.

וועט זי נישט אַרויס
ביז מאָרגן איז דער פרי,
איז פינצטערניש איצט גרויס
פונקט אַזוי ווי זי...



איז דאָך קלאָר אַזוי
ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר,
אַז ס'הענגט די נאַכט איצט גרוי
אויפֿן פענצטער און אויף טיר.

אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר,
איז פיר און פיר דאָך אַכט, –
מאַכט זשע צו די טיר
און זאָגט אַ גוטע נאַכט.






